מ. מענאַכאָווסקי (טאָראָנטאָ)

# אַ באַלערנדיקער סימפּאָזיום
# וועגן יידיש אין
# מדינת ישראל



אַרויסגעגעבן אין מעקסיקע
1968

# אַ באַלערנדיקער סימפּאָזיום וועגן יידיש אין מדינת ישראל

אין „די גאָלדענע קייט”, נומער 60, זיינען אָפּגעדרוקט שמועסן פון ש. שחריה, מיטאַרבעטער פון דער זייער אָנגעזעע־נער פערטליאָרשריפט פאַר ליטעראַטור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, מיט אַ ריי גייסטמענטשן פון מדינת ישראל וועגן זייער באַציאונג צו יידיש.

וואָס פאַר אַ מהלך מיר זיינען עס אָפּגעגאַנגען אין ישראל פון דער צייט ווען מען האָט צעשטערט קיאָסקן, ווייל מען האָט דאָרטן פאַרקויפט די „ניי וועלט”, אָרגאַן פון די לינקע פּועלי־ציון, אָדער אויסגעהאַקט שויבן פון די זאַלן, וואו עס זיינען געהאַלטן געוואָרן לעקציעס אין יידיש. עס זיינען נאָך היינט אויך פאַראַן ניט ווייניק אומזיסטע שונאי־יידיש, וועלכע קערן זיך אָפּ פון דער שפּראַך אויף וועלכער מען האָט אין משך פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט געשאַפן די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, וואָס די העברעאישע קען זיך צו איר בשום אופן ניט פאַרגלייכן. עס וועלן נאָך אַריבער צענדליקער, צענדליקער יאָרן, אַז די העברעאישע ליטעראַטור זאָל זיך קענען פאַרגלייכן צו דער יידישער.

אַפילו נאָכן איבערלייענען דעם סימפּאָזיום וועלן די פאַר־ברענטע שונאי־יידיש געפינען מאָטיוון פאַר וואָס יידיש קען ניט ווערן גלייכבאַרעכטיקט מיט עברית. דער ווילן איז די מוטער פון געדאַנק.

מען וועט ברענגען באווייזן, אז מיר האָבן אין ישראל אַ מערהייט פון ספרדישע יידן, וואָס האָט ניט קיין באַגריף פון יידיש און ווילן קיין יידיש ניט לערנען און מען וועט זיי קיין מאָל קיין יידיש נישט אויסלערנען. ס׳וועלן ניט העלפן די באַווייזן, אז אויב די דערוואַקסענע ספרדים וועלן זיך ניט אויסלערנען קיין יידיש, קען מען עס די קינדער זייערע אויסלערנען; אז עס זיינען פאַראַן פיל ספרדישע יידן וואָס קענען ניט קיין העברעאיש און ניט קיין יידיש און מען לערנט זיי אויס עברית. פאַר וואָס זאָלן זיי ניט קענען זיך אויסלערנען אויך יידיש? ס׳וועלן ניט העלפן קיין באַווייזן, אז ס׳זיינען פאַראַן לענדער, וואו מען קען און מען רעדט מער ווי איין שפּראַך; אז די אוקראַינער, די ליטווינער, קענען רעדן רוסיש און אוקראַיניש, ליטוויש און רוסיש, אז ביי אונדז אין אַמעריקע זיינען דאָ קינדער, וואָס אין דער היים רעדן זיי זייער מאַמע־לשון און אין שול לערנען זיי ענגליש; אז מיר האָבן דאָ איטאַליענישע אַדוואָקאַטן, למשל, וועלכע רעדן אַ פּראַכטפולן ענגליש און אַ זייער גוטן איטאַליעניש.

דער ערשטער שמועס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אליהו אילת, נשיא פון ירושלימער אוניווערזיטעט, וועלכער האָט געזאָגט: (מיר ברענגען נאָר קורצע אויסצוגן).

„ישראל דאַרף ווערן דער הויפּט־צענטער פאַר אַלע ווערטן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין יידיש לשון, בפרט נאָך דעם וואָס עס איז געשען מיט די יידישע צענטערס און מיט די קולטור־מקורות, וואָס זיינען שוין מער נימאָ. כ׳מיין, אז יידיש און די יידישע שאַפערס דאַרפן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן. מיין פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידיש איז ניט נאָר דערפאַר, ווייל דאָס איז יידיש, נאָר ווייל דאָס איז אַ חוב לגבי די אומגע־קומענע זעקס מיליאָן יידן, וואָס יידיש איז געווען זייער לשון. מיר דאַרפן אויפזאַמלען און פאַראייביקן זייערע קולטור־אוצרות, בעיקר יידיש און יידיש־שאַפונג, ניט ווי אַן אַרכיוו־מאַטעריאַל נאָר ווי אַ לעבעדיקן און ווירקנדיקן פאַקטאָר אין אונדזער קול־טור־לעבן...

...דער אוניווערזיטעט וועט קענען דערפילן די דאָזיקע שליחות, (צו זיין אַ צענטער פאַרן גאַנצן פאָלק — מ. מ.) נישט

בלויז דורך זאָרגן פאַר די זיבן פאַקולטעטן, וואו עס ווערן צוגעגרייט די פאַכלייט, אין וועלכע די מדינה נייטיקט זיך, נאָר אויך דורך געבן אַ פולן אויסדרוק פון אונדזער גייסטיקן מהות, פון היסטאָריש־קולטורעלן קוק־ווינקל, אין בעסטן זינען פון וואָרט. קלאָר, אַז אין דעם אַלגעמיינעם קאָמפּלעקס פון יידישער טעמאַטיק דאַרף יידיש פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט.

מען דאַרף, לויט מיין מיינונג, אויסברייטערן דעם למוד ניט נאָר איבער יידיש, נאָר טאַקע לערנען יידיש גופא. עס וואָלט געווען אַ גאַנץ גלייכע זאַך צו לערנען יידיש אין אונדזערע מיטל־שולן, ניט נאָר אין אוניווערזיטעט. עס וועט אויך ניט זיין קיין רעזערוואַר פאַרן העברעאישן אוניווערזיטעט און זיין יידיש קאַטעדרע. אמת, דער ענין איז ניט אַזוי פשוט. איינע פון די שוועריקייטן איז אפשר דער דוחק אין לערערס. מיין איך, בכן, אַז די יידיש־קאַטעדרע אויפן העברעאישן אוניווערזיטעט דאַרף זיין ניט נאָר פאַר פאָרשונג, נאָך אויך פאַר צוגרייטן אַ לערער פּאָטענציאַל פאַר יידיש נאָכן אַדורכגיין אַ פּעדאַגאָגישע צוגרייטונג אין דער שול פאַר פּעדאַגאָגיק ביים אוניווערזיטעט.

אני מצדי וואָלט וועלן צוגעבן, אַז מיר וועלן דאַרפן נאָר בקרוב זיך ווענדן קיין ישראל מען זאָל אונדז שיקן לערער פאַר די היגע שולן, מען לערנט היינט מער יידיש אין די שולן פון קאַנאַדע און די שטאַטן. אין פיל טאָג־שולן פון די קאָנסער־וואַטיוון האָט מען איינגעפירט יידיש; אין אַ ריי אָוונט־שולן פון די רעפאָרמער לערנט מען יידיש און עס פעלן אויס צייטנ־ווייז לערער פאַר יידיש.

זאָל דאָ געזאָגט ווערן: ס׳דאַרף באַגריסט ווערן די איינ־שטעלונג פון רעקטאָר אילת. מען מוז אָבער אָנהייבן לערנען יידיש ניט פון דער מיטל־שול, נאָר אָם־שפּעטסטן פון 2טן קלאַס עלעמענטאַר שול, אַנדערש וועט דער תלמיד זיך ווייניק אויס־לערנען און וועט זיכער ניט קענען לערנען אין אַ שול ווי אַ לערער.

דער פילאָסאָף פּראָפעסאָר הוגאָ בערגמאַן זאָגט: „איך קען מיר גאָרנישט פאָרשטעלן אין מיין כוח הדמיון אַ יידיש פאָלק אין די ד׳ אמות פון אַ קליינעם לאַנד. איך זע אַ ברכה אין דעם וואָס עס האָט אונדז געבראַכט דער גלות מיט זיינע פאַרשיידענע

קולטורן, ממילא אויך מיט דער יידיש־קולטור. א דאנק דעם זיינען מיר אומאויפהערלעך באַרייכערט געוואָרן. אונדזער גרויסקייט ווי א פאָלק, אַלץ וואָס עס טיילט אונדז אויס פון אַנדערע פעלקער איז — וואָס מיר זיינען שטענדיק אַ בריק פון גאָר אַ באַזונדערן מין: ניט די קולטורן זיינען אַריבער אויף אונדז, נאָר מיר האָבן שטענדיק אַריינגעבראַכט אין זיי דעם יידישן יסוד...״

אוודאי איז ראוי יידיש־לשון עס זאָל אַריין אין פּראָגראַם פון די שולן. עס ווערן געמאַכט פּרוואוון אויך אין מיטלשולן, צו לערנען יידיש. איך וואָלט אוודאי באַגריסט, ווען די דאָזיקע טענדענץ וואָלט זיך געשטאַרקט. עס וואָלט כדאי געווען אויפצוקלערן אונדזערע סאַברעס אויף די שול־בענק, וואָס פאַר א האָריזאָנטן (אין נאַציאָנאַלן זינען) עס קענען זיך עפענען פאַר יידישע מענטשן דורך קענען יידיש.

לאה גאָלדבערג, העברעאישע דיכטערין און קריטיקערין, היינט פּראָפעסאָר פאַר פאַרגלייכנדיקער ליטעראַטור אין העברעאישן אוניווערזיטעט: „קיבוץ גלויות״ איז אוודאי מחייב צו מקבץ זיין און היטן די קולטור ווערטן וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געשאַפן אין גלות און קענען גיין לאיבוד. קלאָר, אַזאַ רייכער טייל ווי די יידיש־ליטעראַטור דאַרף שטרענג אָפּגעהיט ווערן. מדינת ישראל דאַרף טאָן אַלץ אַז די אַזוי רייכע קולטור־אוצרות פון פאָלק זאָלן דאָ געפינען זייער תיקון אויף פאַרשיידענע אופנים, ניט צו לעצט — דורך געבן זיי אַ העברעאישן לבוש. אָבער אויך זייער יידישער לבוש „ווי ער איז״, איז גענוג וויכטיק — אַז ער זאָל ניט צעטרענצלט ווערן. די פראַגע איז נאָר, ווי זאָל מען עס אויספירן. בדרך כלל איז דאָ אַ געפיל אין די לעצטע יאָרן, אַז די יוגנט אינטערעסירט זיך מער מיט יידיש. סיי סאַברעס און סיי סטודענטן פון אַמעריקע, וואָס שטודירן אַלגעמיינע ליטעראַטור זיינען גענויגט אַריינצוכאַפּן זיך אין „פּרדס פון יידיש״. און ניט קיין וואונדער: די יידישע ליטעראַטור איז אַ רייכע און אַ זייער אינטערעסאַנטע. יאָ, איך האָב אַפילו געהערט אין „קול ישראל״, אַז אַ יינגעלע (אַ פולבלוטיסער סאַברע!) האָט פאָרגעשלאָגן צו לערנען יידיש אין שול. אמת, מען קען ניט זען דעם

ענין ווי אַן אָבליגאַטאָרישן אָבער ווייל מען לערנט נאָך אַ שפּראַך (אַ חוץ ענגליש) קאָן גריילעך קומען אין חשבון יידיש.

איצט זיינען ניטאָ קיין מאַסן יידיש־רעדנדיקע. דאָס גיין **צו דער יידישער שפּראַך וואָלט איצט ניט געהייסן „גיין צום** פאָלק" נאָר „גיין צו אַ קולטורעלן ווערט". די שאַפונג פון יידיש ווערט וואָס אַ מאָל מער איינגעשרומפּן. געווען אַ מאָל אַ זייער אינטערעסאַנטע תקופה אינם לעבן פון אונדזער פאָלק — אָבער געווען און, לײדער, ניטאָ מער.

איך האָב זיך דערצויגן אין אַ יידישיסטישער שטוב. מיין פאָטער איז געווען אַ חבר פון דער „פאָלקס־פּאַרטיי" אין קאָוונע, און אונדזער הויז איז געווען אַ צענטער פון יידישיסטן. דערמאָל האָב איך געזען אַ שינאה צו העברעאיש איז ממילא איז געווען אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט פון העברעאיסטן צו יידיש. איצט איז אוים מלחמה. קען שוין, אויב אַזוי, זיין אַן אָביעקטיווע באַציאונג צו יידיש, אַ באַציאונג פון כבוד.

דאָ אין לאַנד דאַרף מען דערמוטיקן פּאָעטן אין העברעאיש. זיי האָבן ניט קיין פאַרלעגנערס און קיין אכסניות. אמת, איך אַליין האָב זיך ניט וואָס צו קלאָגן, אָבער בדרך כלל איז די לאַגע פון די העברעאישע פּאָעטן, מיין איך, ערגער ווי דער מצב פון די יידישע פּאָעטן, וואָס האָבן אַ קרייז פון חסידים. אַז עס זיינען געקומען צו מיר יידיש־דיכטערס און געקלאָגט זיך אויף זייער ביטערער דאָליע, האָב איך זיי געזאָגט: מיינט ניט, אַז דאָס איז דערפאַר ווייל איר שרייבט אויף יידיש. דיכטונג איז בכלל אַראָפּ פון דער ליטעראַרישער בערזע. יונגע העברעאישע פּאָעטן קענען ניט געפינען קיין פאַרלאַג אַרויסצוגעבן זייערע לידער.

אויב עמיצער וויל מיר שרייבן אַן אַרבעט פון פאַרגלייכן די דיכטונג פון אַ יידיש־שרייבער, נעם איך עס אָן. איך אַליין בין ניט קיין מומחה דערויף. מיט אַזאַ אַרבעט פאַרנעמט זיך דער דיכטער בנימין הרושאָווסקי (אגב, ער האָט איבערגעזעצט אַ סך פון סוצקעווערס דיכטונג אין העברעאיש), וועלכער אַרבעט אין מיין „חוג". ער גיט אַ קורס וועגן עקספּרעסיאָניזם אין דער דיכטונג, שליסט ער אויך איין יידיש־דיכטונג.

**צו מענדעלען דאַרף מען קענען יידיש. בעת מען פאַרנעמט** זיך מיט אורי צבי גנעסין — איז נויטיק צו קענען רוסיש, ווייל זיין שפּראַך איז באַווירקט פון רוסיש און זיין טעמאַטיק פון דער רוסישער ליטעראַטור.

פּראָפעסאָר שמעון האַלקין העברעאישער דיכטער, פּראָזאַאיקער און עסעאיסט, ער איז דעקאַן פון „חוג" פאַר דער נייער העברעאישער ליטעראַטור אין העברעאישן אוניווערזיטעט זאָגט:

„אַלע זיינען מיר איצט מודה, אַז יידיש האָט געהאַט אַ דערציערישן כוח און דאָס יידישע פאָלק האָט געשעפּט פון יידיש לשון ניט ווייניק גייסטיקע און קולטורעלע חיונה. אָבער אין פּלוג איז יידיש פון תמיד אָן געווען אַן אינטעגראַלער טייל פון העברעאיש. אויף יידיש זאָגט שמחה מער ווי פרייד, צער מער ווי לייד, יסורים אפשר מער ווי פּיין. און איצט איז טאַקע אַ גרויסער צער וואָס יידיש־לשון איז ווייט ניט מער דאָס וואָס ס'איז געווען. אַז מען מאַכט אַ חשבון וואָס ס'איז געוואָרן מיט יידיש אין די פאַראייניקטע שטאַטן, באַקומט זיך אַ ביז גאָר טרויעריקער השבון (דאָס הייסט ניט, אַז דער חשבון פון העברעאיש איז דאָרט אַ סך פרייליכער). אַ יידיש בוך ווערט ניט פאַרקויפט, דער מחבר אַליין לאָזט זיך אַרויס אין דער פּראָווינץ אויף „לעקציעס" און ברענגט מיט זיך, ווי אַ מוכר־ספרים, אַ פּעקל ביכער. דער פאָרזיצער פון אַזאַ אָוונט זאָגט צום סוף: געערטע חברים, איר האָט געהערט די רעדע און מיר האָבן אַלע געהאַט פאַרגעניגן, אויב איר ווילט, אַז יידיש זאָל בלייבן ווי אין די צייטן פון שלום־עליכם און יהואש, דאַרפט איר קויפן דאָס בוך פון חשובן שרייבער" און אַ גבאיטע העלפט דעם פאָרזיצער. זי גייט פון איין חבר צום צווייטן און „דערמאָנט" אים: פאַר וואָס קויפט איר ניט דאָס בוך? די פראַגע שטעלט זי שוין אין ענגליש... אמת, איצט איז שוין ניטאָ קיין קאַמף צווישן העברעאיסטן און יידישיסטן; אָבער איך האָב אַמאָל געזאָגט ליוויקן, אַז עס בענקט זיך נאָך יענע טעג ווען מען האָט זיך „געריסן צווישן זיך" — דעמאָלט איז געווען לעבן... מוז דאָ באַמערקט ווערן פון דעם שרייבער פון די שורות: עס איז טאַקע נישטאָ קיין קאַמף פון די יידישיסטן קעגן העברעאיש, אָבער

די העברעאיסטן פירן נאָך אַלץ אַ העפטיקן קאַמף און אַ פאַרביטערן קאַמף קעגן יידיש סיי אין די תפוצות, סיי אין ישראל.

אין אַלע יידישיסטישע שולן לערנט מען העברעאיש. ד. ה. אין די שלום־עליכם, אַרבעטער־רינג, פאַרבאַנד, וואו מער און וואו ווייניקער. אין די תלמוד־תורות אָבער (אויסער אין אייניקע אָרטאָדאָקסישע), וואו דער קרן התרבות האָט אַ השפעה, לערנט מען ניט קיין יידיש. דאָרט ווערט יידיש נאָך אַלץ אָנגערופן זשאַרגאָן.

זיינען מיר שוין איצט, אַרום 60 יאָר פון נישט לערנען קיין יידיש אין די מערסטע קינדער־שולן און אינטענסיוון לערנען (עברית בעברית) פון עברית. איז וויפל יידן קענען רעדן עברית באַוויזן די רעזולטאַטן פון די העברעאיסטן? וויפל יידן קומען צו אַ העברעאישער לעקציע? עס זיינען דאָך דורכגעגאַנגען צענדליקער אָדער אפשר הונדערטער טויזנטער יידן דורך די תלמוד־תורות. די איינציקע העברעאישע וואָכנבלאַט „הדואר" האַלט אין איין קלאַפן טרעוואָגע, אַז זי גייט אונטער. די אַלע אַביטוריענטן פון די תלמוד־תורות, היינט טאַטעס־מאַמעס פון די קינדער רעדן אַליין צווישן זיך און מיט די קינדער ענגליש, יידיש ווערט אַזוי דורך די העברעאיסטן פאַרמיאוסט, אַז מען האַלט אין איין שרייען יידיש גייט אונטער. נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר און יידיש וועט שוין ניט געהערט ווערן אין קיין איין יידיש הויז. אַזוי שרייט מען שוין 50־60 יאָר און יידיש אויף צו להכעיס שטאַרבט ניט.

פאַר וואָס? ווייל אין צענדליקער טויזנטער און הונדערטער טויזנטער יידישע הייזער רעדט מען נאָך אַלץ אויסער ענגליש אויך יידיש. ריכטיק איז, אַז די צאָל יידיש־רעדנער ווערט ווייניקער, אָבער אויף דעם חשבון געניסט ניט העברעאיש, נאָר ענגליש.

ווי אַנדערש וואָלט אונדזער קולטור־לעבן אויסגעזען, ווען יידיש וואָלט אַזוי ניט באַשמוצט געוואָרן!

פראָפ. ליפצין, דאָצענט אין פּאָליטעכניקום, חיפה, פון וועלט־ליטעראַטור:

„איצט האָט זיך גאָר שטאַרק געביטן צום גוטן די באַציאונג אין ישראל צו יידיש. איך בין זיכער, אַז עס וועט ניט לאַנג

דויערן — און אויך א ווערטיקער יידיש־שרייבער וועט פרע־מירט ווערן. „ביז צו דער קרעטשמע" וואָלט גליך געווען, אז דאָס שלום־עליכם הויז זאָל מעלדן וועגן א ליטעראַטור־פרייז פאַר א יידישן שרייבער וואָס שאַפט אין ישראל. דאָס זעלבע קאָן — און דאַרף — געטאָן ווערן דורכן לייוויק הויז. ובכן — א שלום־עליכם־פרייז און א לייוויק־פרייז אין ישראל, נאָך איידער די רעגירונגס־אינסטאַנצן וועלן זיך אַרומזען אז זיי באַגייען אַן עולה לגבי דעם יידישן שרייבער.

א יידישער געלערנטער האָט געזאָגט מיט א דור צוריק, אז דאָס יידישע פאָלק שטייט איצט (מיט א דור צוריק) אויף צוויי פיס: העברעאיש און יידיש. בעסער צו שטיין אויף צוויי פיס ווי אויף איין פוס. אז מען קען עס ניט, קומט מען אָן צו א קינסטלעכן פוס — איז עס אָבער א הילצערנע פוס... די פראַגע איז: צי בלויז השפעות פון גויישן דרויסן און ניט מער פון וועלט־פאַרשפרייטן יידישן פאָלק, וואָס שאַפט אין דער גאַנ־צער וועלט? ווי קען מען באַקומען א בעסערן אַריינקוק אין דער נשמה פון וועלט־פאָלק, אויב ניט דורך דער פריזמע פון דער יידישער ליטעראַטור?"

יחיאל קוטשער, פּראָפעסאָר פון העברעאישן אוניווערזי־טעט, ירושלים, מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע פאַר דער העברע־אישער שפּראַך און רעדאַקטאָר פון לשוננו:

„נאָך מיט צוויי און א האַלב יאָר צוריק האָב איך פאַרעפנט־לעכט א גרויסן אַרטיקל אין „הארץ" וואָס באַהאַנדלט דעם דאָזי־קן פּראָבלעם. אין דעם אַרטיקל האָב איך געפאָדערט צו באַ־שטימען יידיש ווי א לערנשפּראַך לכל הפחות אין איין גימנאַזיע פון די דריי גרויסע שטעט. ס'איז ניטאָ קיין סכנה פאַר העברעאיש פון יידיש. צו אונדזער גרויסן ווייטיק האָט היטלער ימ"ש „גע־לייזט דעם פּראָבלעם". איצט — ניט נאָר וואָס עס איז ניטאָ קיין אָרט צו קעמפן קעגן יידיש, נאָר פאַרקערט: מען דאַרף פלעגן די יידישע שפּראַך".

יידיש איז די שפּראַך וואָס האָט אונדז געדינט במשך פון פערציק דורות אין דעם גרעסטן חלק פון אייראָפּע. יידיש איז די שפּראַך, וואָס פון איר איז אויסגעוואַקסן אויך די נייע העברעאישע ליטעראַטור. מיטן גאַנצן ווידערווילן צו יידיש,

מערקט זיך נאָך יידיש צווישן די שורות פון ס׳רוב העברעאישע שרייבערס פון אייראָפּעאישן אָפּשטאַם. אויף יידיש רעדן נאָך היינט צו טאָג הונדערטער טויזנטער יידן, און אפשר נאָך מער, אין גאָר דער וועלט. אין די פּאַראייניקטע שטאַטן איז די יידישע פּרעסע פול מיט ידיעות וועגן ישראל. דאָס לאָזט זיך ניט זאָגן וועגן דער ענגלישער פּרעסע, אַפילו די וואו עס איז דאָ אַ יידישע השפּעה.

איך באַגריס די רעקאָמענדאַציע פון מיניסטער ז. ארן בנוגע לערנען יידיש אין ישראלדיקע גימנאַזיעס. דער גימנאַזיע־דירעקטאָר פון קרית חיים האָט אָנגעהייבן מיט יידיש אין זיין גימנאַזיע, אַ דאַנק מיין אַרטיקל אין הארץ, האָבן אַ סך געהאַלטן. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די איניציאַטיוו איז געווען דורכאויס אַ זעלבסטשטענדיקע. דאַרף מען עס באַגריסן פון גאַנצן האַרצן. הלוואי זאָלן אויך אַנדערע דערציערס גיין אין זיינע דרכים. עס איז דאָ אַ ברכה אין יידיש און אין יידיש שאַפונג. וואָלט טאַקע געווען אַ יושר צו דערמוטיקן די יידיש־שאַפערס אין ישראל.

אַזעלכע דירעקטאָרן האָבן מיר אויך אין די תפוצות. זיי דאַרף מען אויך דערמוטיקן. די דערמוטיקונג מוז קומען פון ישראל, ווייל אונדזערע אַנטי־יידישיסטן קראַקען פון אַלע דעכער: די יידן פון ישראל ווילן ניט קיין יידיש, אין די תפוצות ווערט יידיש וואָס אַ יאָר אַלץ שוואַכער, איז צו וואָס יידיש? און די דאָזיקע קראַקערס ווילן בשום אופן נישט פאַרשטיין, און זיי זיינען איינגעשפּאַרט ווי אייזלען, אַז פון דעם געווינט ניט העברעאיש נאָר ענגליש.

ישורון קשת, העברעאישער דיכטער, עסעאיסט זאָגט:

„...הגם אין דער היים האָט מען ביי אונדז גערעדט יידיש (ער קומט פון פּוילן) האָב איך שפּעטער ניט געהאַט קיין באַריר מיט יידיש־לשון און ניט מיט דער יידישער ליטעראַטור במשך גאַנצע 50 יאָר פון מיין לעבן. אָבער היינט, נאָך דעם ווי העברעאיש איז געוואָרן די שפּראַך פון דער מדינה, האָב איך אָנגעהויבן זיך מער אינטערעסירן מיט דער יידישער ליטעראַטור. איך האָב טאַקע אנטדעקט גרויסע טאַלאַנטן אין דער דאָזיקער ליטעראַטור: לייוויק און מאַני לייב, יצחק באַשעוויס און אברהם סוצקעווער, משה־לייב האַלפּערן און חיים גראַדע, יעקב גלאַט־

שטיין און יחיאל האפער און אַ סך אַנדערע... מיר האָבן ניט אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור קיין ברייט־פאָרמאַט־טענע פּאָעמעס וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער וועלט פון יידיש־קייט־ווערטן ווי למשל, „דער גייער" פון מנחם באָריישא, וועלכער איז בעצם אַ העברעאישער שרייבער אויף יידיש, און מנחם באָריישא איז נאָר איינער פון אַ גרויסער גרופּע".

„די יוגנט, אָדער לכל הפחות אַ טייל פון אונדזער יוגנט אין ישראל, הייבט אָן אַרויסצווייזן אינטערעס צו יידיש, איז עס אָן ספק אַ גוטער סימן, אַז עס דערוועקט זיך ביי דער ישראל יוגנט דאָס באַוואוסטזיין, אַז אַלץ וואָס עס איז געווען אַ מאָל אין יידנטום איז גאָר וויכטיק און מ'דאַרף זיך ניט וואַרפן מיט דעם. איך מוז זאָגן, אַז מער ווי איך האָב ליב יידיש ווי אַ שפּראַך, האָב איך ליב דאָס וואָס עס איז דאָ אין איר ליטעראַטור. אין דער יידישער ליטעראַטור זיינען דאָ עלעמענטן וואָס פעלן אין דער העברעאישער ליטעראַטור. יידיש וועט בלייבן אַ שפּראַך וואָס איר ליטעראַטור איז אונדז צום נאָענטסטן. (מיין שטריך — מ. מ.)

י. י. ריוולין, געוועזענער פּראָפעסאָר פאַר אָריענטאַליסטיק אין העברעאישן אוניווערזיטעט זאָגט וועגן זיך, אַז אַלץ וואָס איז יידיש איז אים ניט פרעמד. יידישקייט איז ביי אים אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך יידן. פאַר מיר, זאָגט ער, איז ניטאָ קיין פראַגע: גלות צי ישראל. איינס איז געקניפּט און געבונדן מיטן אַנדערן. פאַר מיר איז קלאָר, אַז מען טאָר ניט גרינגשעצן די קולטור־ווערטן וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין גלות, ריכטיקער געזאָגט: אין דער תפוצה. ניט נאָר דאָס: מיר מוזן אָפּהיטן דעם כאַראַקטער פון פאַרשיידענע שבטים און עדות. אַ בוקעט בלומען איז שיין ווען ער איז בונטפאַרטיק. קלאָר, אַז דאָס איז מחייב גרעדאַנק און פּלאַנירונג.

בכלל איז די קעגנערשאַפט צו יידיש געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: קודם־כל די משכילים וואָס האָבן געהאַלטן נידעריקער פון זייער כבוד זיך צו אינטערעסירן מיט דער „שפחה". בעת דער קיום פון דער העברעאישער שפּראַך אין ארץ ישראל איז געשטאַנען אין קאַן, האָבן מיר געמוזט שטיין שטאָל און אייזן פאַר העברעאיש, דאָס איז געווען אַ „געבאָט" פון דער שעה.

איצט, אז העברעאיש האָט זיך שוין איינגעפונדעוועט, מעג שוין דער „העברעער" זיין נאָכגיביק צו יידיש. נאָך מער: ער דאַרף אַפילו העלפן, אז דאָס וואָס האָט זיך געשאַפן אין יידיש זאָל ווערן די נחלה פון דעם פאָלק אין ישראל. מיט אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק בין איך געפאָרן מיט דער שיף „שלום", זיינען דאָרטן געווען יידן פון אַמעריקע און יידן פון ישראל, און פון דיביידע מינים יידן האָב איך געפונען אַ בשותפותדיקן קאָפּי־ציענט: יידיש. האָב איך געהאַלטן מיין ערשטע רעדע אין אַ ליטווישן יידיש, און אַלע האָבן פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן „עס־פּעראַנטאָ"־לשון.

אויך אין ישראל זיינען דאָ יידיש־שאַפערס — און איך ווייס, אַז עס זיינען דאָ און עס זיינען פאַראַן אַזעלכע צווישן זיי וועמען איך שאַץ זייער — וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער ליטע־ראַרישן וועג אויף יידיש און דאָ זיינען זיי ממשיך זייער שאַ־פונג, טאָ זאָלן זיי עס טאָן .און אויב אין דער צוקונפט וועט זיך „אדורכרייסן" עמיצער פון די סאַברעס וואָס וועט פון אינעווייניקסטן דראַנג אָנהייבן שרייבן יידיש — זאָל ער געבענטש זיין.

איז דער שרייבער פון די שורות מסכים מיט דער איינשטע־לונג פון פּראָפעסאָר ריבלין. אין איין זאַך איז ער מיט אים ניט מסכים. ס'איז ניט גענוג צו געבן אַ ברכה יונגע ישראלדי־קע שרייבער צו שרייבן אין יידיש. מען מוז זיי העלפן ניט ווייני־קער ווי מען העלפט די העברעאישע אָנפאַנגער.

העברעאיש און יידיש זיינען ווי די צוויי אויגן ביי אַ מענטשן. וואָלט עמיצער געזאָגט: איך וועל אַכטונג געבן נאָר אויף מיין גוטן, געזונטן אויג און וועל לאָזן צו דער נאַטור מיין שוואַכן אויג (אויב ער האָט אַ געזינטערן און שוואַכערן אויג). ער וואָלט דאַכט מיר, געטאָן אַליץ, כדי דעם שוואַכערן אויג דערפירן צום זעלבן מצב ווי דעם געזונטן אויג.

מען מוז גוט געדענקען: ישראל וועט פּראָספּערירן, אויב די לאַגע פון די יידן וועט אין די תפוצות זיין אַ גוטע. דאָס איז הלֵ ניט נאָר אויף מאַטעריעלע גיטער נאָר אויך אויף גייס־טיקע. לא על הלחם לבדו יחיה האדם. גלויבט דער שרייבער פון די שורות: די ישראלדיקע רעגירונג, אָדער די סוכנות דאַרף

ניט נאָר שיקן העברעאישע לערער אין די תפוצות צו פאַרשפּרייטן עברית, נאָר אויך געלערנטע, אָנגעזעענע אינטעליגענטע יידן, וואָס זאָלן דאָ הויבן די חשיבות פון יידיש.

ביז איצט, און אויך איצט ווען די שורות ווערן געשריבן, שיטן די ישראל שליחים פעך און שוועבל אויף יידיש. דער שרייבער פון די שורות איז געווען אַן עדות ווי דער מיניסטער שרת ע״ה האָט פון דער טריבונע באַליידיקט יידיש און ווי די פאַרשטאָרבענע פרוי פון ד. בן־גוריון האָט נישט געוואָלט ענטפערן אויף אַ פראַגע וואָס איז איר געשטעלט געוואָרן אין יידיש. און געטאָן האָט זי עס פאַר אַ העכער טויזנט־קעפּיקן עולם. אַן ענלעכער פאַל איז געווען מיט די טעאַטער אַפּישן אויף „עקספּאָ 67", וואו מען האָט אויסגעהאַנגען נאָר די העברעאישע אַפּישן און ניט קיין איין יידישן.

אין זעלבן נומער „גאָלדענע קייט" איז אָפּגעדרוקט אַ סימפּאָזיום אַרויסגענומען פון „מעריב" לנוער פון 18טן יולי 1967 וואָס באַווייזט ווי עס האָט זיך ביי די סאַברעס געביטן דער צוגאַנג צו יידיש. עס באַטייליקן זיך אין סימפּאָזיום 15 יוגנטלעכע רעפּאָרטערן — סאַברעס, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן נאָך יידיש אין שטוב, טייל פון זיי ביי זיידע־באָבע; אַנדערע בלויז אין גאַס צי אין ראַדיאָ. און אַלע האָבן, כמעט אָן אויסנאַם, אַ ליבגעזאַנג פאַר יידיש, פאַר איר זאַפטיקייט, פאָלקסטימלעכקייט, האַרציקייט, א.ז.וו. מיר ברענגען דאָ נאָר קליינע אויסצוגן פון אַ טייל פון זיי.

יחיאל קלר: יידיש קען ניט זיין ווי סאַנסקריט. זי איז אַ פאָלקס־שפּראַך, יידיש מוז מען רעדן און אָן יידיש־רעדנדיקע מענטשן, האָט זי קיין עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג. כ׳טראָג ביי זיך אין האַרצן אַ פאַרהוילענע ליבשאַפט צו דער יידישער שפּראַך. טייל מאָל דוכט זיך מיר, אַז יידיש איז עס טאַקע מיין אמתדיקער מאַמע־לשון. מען מוז אַלע יוגנטלעכע דערנענטערן צו יידיש.

יונגע רעפּאָרטערין דוריס גאָלדשטיין: „צי דען וועלן מיר לאָזן די פאַר אונדז טייערע שפּראַך פון די עלטערן שטאַרבן, אויסגיין? צי דען וועלן מיר זיצן און שווייגן בשעת די יידישע שפּראַך גייט אונטער און מיט איר די קולטור וואָס אונדזערע

גרויסע דיכטער און פּראָזאאיקער האָבן אין איר געשאַפֿן? חלילה וחס. היינט שטרעבן אַ סך יונגנטלעכע צו לערנען יידיש ווי אַ צווייטע שפּראַך אין די מיטלשולן.

אבשלום קור: שווער זיך צו באַציען מיט גלייכגילט צו דער יידישער שפּראַך, אין וועלכער חשובע שרייבערס האָבן אונדז געגעבן שאַפֿונגען פֿון אַזאַ הויכער מדרגה. רפאל מן: מ׳טאָר ניט פֿאַרלאַנגען פֿון אַ מענטשן וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געוווידמעט יידיש און לעת זקנה געקומען אין לאַנד, ער זאָל זיך אויסלערנען עברית.

דוד לעוויט: אַ באַווייז פֿאַר דער איינגעוואָרצלטקייט פֿון דער שפּראַך אין לאַנד איז דאָס אָפֿטע באַנוצן זיך מיט יידיש מצד די אָנפֿירערס פֿון דער מדינה. למשל, אשכול: קינדערלעך, דאָס ברענט ניט, און נאָך:

שמואל סעגאַל: מ׳טאָר ניט לאָזן, אַז די שפּראַך זאָל אונטער־גיין. אמת, ס׳וועט געדויערן לאַנג צוצוגעווינען אונדזערע קינ־דער אויפֿצוכאַפּן און פֿאַרשטיין די שפּראַך, וואָס מ׳דאַרף זיך מיט איר בשום אופֿן ניט שעמען. מ׳טאָר ניט לאָזן די שפּראַך זאָל אונטערגיין.

מיין איך, אַז דער געבאָט פֿון דער שעה איז, אַז מ׳ר די פֿאָרקעמפֿער פֿאַר יידיש, יידישער ליטעראַטור, וועלטלעכער יידישקייט זאָלן צונויפֿרופֿן אַ יידישן וועלט־קאָנגרעס אין ירו־שלים וואו עס זאָל שטיין די פֿראַגע וועגן צונויפֿברענגען אַלע שאַפֿנדע כוחות פֿון יידנטום וואָס שטייען אויפֿן שטאַנדפּונקט אַז אונדזער פֿאָלק שאַפֿט אין צוויי שפּראַכן — יידיש און העב־רעאיש און אָנשטאָט באַקעמפֿן איינער דעם צווייטן זאָלן מיר מיט געמיינזאַמע כוחות זאָרגן פֿאַר דער באַרייכערונג פֿון דער יידיש־העברעאישער ליטעראַטור.

די איניציאַטיוו דאַרף אויף זיך נעמען דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס. כ׳בין זיכער, אַז אין אונדזערע רייען איז דאָ מער פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דעם. אויך אין די רייען פֿון די העברעאיסטן איז ניטאָ אַזאַ פֿאַרביטערונג קעגן יידיש. דאָס צונויפֿשמעלצן פֿון דעם יידישן לערער־סעמינאַר און דער הרצליה־גימנאַזיע איז אַ באַווייז דערצו.

